# חוה דיא בעקערקע

איין אינטערעסנער ראמאן, וואס דיא לעזער וועלין זיין זייער צוא פרידען.

פון ש. ב.

## ווילנא

שנת תרנ"ח לפ"ק

**ЕВА ПЕКАРКА.**

Разсказъ Ш. Б.

Соб. изд. Л. Л. Маца.

1.

הֶער חַוָה וָואס קָאן זַיין דֶער סוֹף פוּן דֶעם ? אִיךְ בִּין שְׁטֶענְדִיג אַ שְׁלֶעכְטֶע , פְרֶעג אִיךְ דִיר וִויא זָאל אִיךְ טָאהן ? אַ מֶענְשׁ אִיז דָאךְ נִיט קֵיין אַייזִין , אַייזִין אַז מֶען הַאקְט , בְּרֶעכְט זִיךְ אוֹיךְ אִיבֶּער בְּפְרַט אַ מֶענְשׁ , וָואס זָאל אִיךְ פְרִיעֶר טָאן ? צוּ פַאר קֶנֶעטִין דִיא בֵּייגִיל , דָאס מוּז מֶען דָאךְ נִיךְ שׁוֹין שְׁטֶעלִין בַּאקִין , אָדֶער אַיין מַאכִין אוֹיף בוּלְקֶעס , עֶס אִיז אִין קְרָאם נִיטָא אַשְׁרִיד וּפְלִיט פוּן יֶענֶע גִיבֶּעק , עֶס וָואלְט נָאךְ גִיוֶועֶן וָואלְט מֶען אוֹיךְ פַאר קוֹיפְט , אָדֶער קָאבְעֶן טְעצְעֶרְעֶ , אִיךְ וַוייס אַלַיין נִיט וָואס פְרִיעֶר צוּ טָאן .

וָואס ווילְסטוּ מוּטֶער פוּן מִיר הָאבִּין , אִיךְ הָאבּ דִיר צֶעהְן מָאל גִיזָאגְט אַז אִיךְ קָאן זִיךְ נִיט צוּ בַּייסִין , אִיךְ זַייא נִיט לַיידִיג , פַארִיכְטֶען מוּז מַאן , אוּנ פַאר שְׁרַייבֶּען דַארְף מֶען , אוּנ דֶער לֶ׳ רֶער קוּמְט , מוּז אִיךְ דִי צַייט אָפּ הִיטֶען , אוּנ אוֹיסֶער אַלֶעס דַארְף אִיךְ נָאךְ גֵיין מָאנֶען חוֹבוֹת , לֵייעֶן גֶעלְט , אוּנ מַאכֶען אִין שְׁטוּב אַיין אָרְדֶענוּנְג .

דוּ בִּיזְט גִירֶעכְט חוּעלֶע , אָבֶּער וָואס טוּט מֶען מִיט דַיין טַאטִין , גֵייט עֶר אַוֶועק פַאר נֶעסְט עֶר שׁוֹין צוּ קוּמֶען .

עֶר מוּז דָאךְ אָבֶּער גֵיין דַאוְוגֶען .

אַלֶע אִידִין גֵייעֶן דַאוְוגֶען שְׁפֶּעטֶער ווִיא עֶר גֵייט . אוּנ קוּמֶען פְרִיעֶר .

דוּ ווַייסְט מַאמַא , אַז דוּ דַארְפְסְט אִים נִיט צְוֶועפִין ;

פַאר וָואס ?

פַאר דֶעם וָואס עֶר אִיז נִיט גִיוַוייְנְט צוּ דִי פַּרְנָסוֹת .

פַאר וָואס זַיינֶען מִיר גִיוַוייְנְט :

אִיז אוּנְז אוֹיךְ נִיט גִיוֶועֶן אָנְפַאנְגְס צוּם הַארְצִין , נָאר מִיר הָאבִּין זִיךְ שׁוֹין צוּ גִיוַוייְנְט , אָבֶּער עֶר אִיז נָאר וָואס גִיקוּמֶען פוּן זַיין שְׁטֶעלֶע , עֶס אִיז גִיוַוייְנְט גִיוֶועֶן צוּ גֵיין רַיין , שַׁיין , אוּנ מִיט

(חוה די בעקערִם עס) סוחרים

סוּחִים הָאבְּן, שְׁטעֶפְּטִין, אִיז אִים גְיוִויס נִיט גוּט אֵיידֶער עֶר וֶועט גְיוֵויינְט וֶוערִין.

אָבֶּער וֶוען עֶר נִיט אַכְטוּנְג אִין קְרָאם, וָואלְט אִיךְ וָואס גִיטָאן אִין שְׁטוּבּ.

וֶועל אִיךְ אַרוֹיס גֵיין אִין קְרָאם.
דוּ הָאסְט אַנְדֶערֶע אַרְבֶּעט.
יֶענֶע אַרְבֶּעט אִיז נִיט זֵייעֶר גֵייטִיג.
דֶער וַוייל קוּמְט אַרַיין דֶער פָּאטֶער.
הֶער פסח דוּ בִּיזְט אוּמְגִירֶעכְט.
מִיט וָואס גִינֶענְדִיל?
מִיט דֶעם וָואס דִיר אַרְט גָאר נִיט פַאר דִי שְׁטוּבּ.

הֶער גִנֶענְדִיל, הֶוא וֵוייסְט גַאנְץ גוּט אַז אִיךְ בִּין דָא וִויא אַגִימָאפְּטֶער, אִיךְ בִּין פְרֶעמְד פוּן אַלֶעמֶען, אִיךְ בִּין שׁוֹין יָאהרֶען לַאנְג פוּן דֶעם גֶעגִינְד, אוּנ אִיךְ בִּין אָפּ גִיוֵויינְט קְרוּגָאם פוּן אַייעֶרֶע מִנְהָגִים מִיט אֵייעֶרֶע שֵׁיינֶע רֵייד אוּנ אִין שְׁטוּבּ זֵיין אִיז נִיט פַאר מַיין גִיזוּנְד, אִיךְ וֶוער צוּ מִיסְט פוּן דִי רֵייד וָואס יֶעדֶער זָאגְט זִיךְ אַחֲכָמָה, טָארְסְטוּ גָאר נִיט פַארְלַאנְגֶען פוּן מִיר אַז אִיךְ זָאל וֶוערִין אַבֶּן בַּיִת.

דֶעם מָאל בִּיזְטוּ גִירֶעכְט פסח, אַנַאסְט אִיז מֶען אַשֶׁעָה נִיט מֶעהר, אוּנ דוּ בִּיזְט שׁוֹין דְרַייא וָואכֶן אִין שְׁטוּבּ, אוּנ וֶוער עֶס וָואלְט דִיר נִיט גוּט קֶענֶען, וָואלְט גִימֵיינְט אַז דוּ בִּיזְט אַיין אָרִים בָּחוּר.

גִינֶענְדִיל, אִיךְ וֶועל גִיוִויס נִיט זַיין קֵיין שְׁטוּבִּינְגֶער, אִיךְ וֶועל קְרִיגֶען אַשְׁטֶעלֶע אוּנ דִיר שִׁיקֶען גֶעלְט, אָבֶּער אִין דֵיינֶע גִישֶׁעפְטִין מִישֶׁען זִיךְ, אִיז נִיט פַאר מִיר.

דוּ שֶׁעמְסְט זִיךְ מִיט דַיין גִישֶׁעפְט פסח, וָואס אִיז פַאר אַבּוּשָׁה? עֶס אִיז דָא אַזֶעלְכֶע מֶענְשִׁין, וָואס וָואלְטִין גֶעבִּיךְ וֶועלִין דָאס הָאבִּין.

אִיךְ בִּין נִיט גְרֵייךְ צוּ אַנַאנְדֶערִין, אוּנ אַלֶע מֶענְשֶׁען זָאלֶען הָאבֶּען אַיין נַייסְט טְרֶעפְט דָאס נִיט.

פסח, דָא אִיז גִיוֶוען זלמן דֶער שַׁדְכָן, עֶר הָאט גִיוָוארְט אוֹיף דִיר אַפְּשׁוּר צְוַוייא שָׁעָה.

(תֵּיה די בעקערקעס)

אונ דו קאנסט ניט ריידין מיט אים?

דאס גיהערט צו אפאטער.

אבער אז איך בין ניטא, האסטו דאך גיקענט ריידין?

איך האב גירעט מיט אים.

נוא, וואס זאגט ער?

ער זאגט אז מענדיל וויל ניט מינער וויא פיר הונדערטער.

וואס מיינסטו ער איז ווערט די געלט.

אויב דיר איז גיפעלין, קאנסטו איינשטיטען, פסח.

ער איז אווילער בחור אקענער אקלוגער אפרוטער.

דוא קאנסט איהם נט? פסח.

זייער גוט. ער האט אנאמען אין גאנצין שול הויף, גאהר מען דארף פרעגין ביא חוה'ן וואס וועט זיא זאגין.

גיין פסח, חוה'ן איז ניטא וואס צוא פרעגין, זיא איז דאך אמוהייערע קינד, פון דיא עלטערינס רייד וועט זיא ניט ארוים.

נינענדיל, איצטער איז גאר אנאנדער וועלט, מען קאן זיך אליין אויך ניט גלויבין, אלוא מוז מען איהר פרעגין.

זאל דאס זיין אויף אצווייטען מאהל—פסח, איך האב דיר גיוואלט—נעכטין פרעגין, וואָרום קומט חוה אלע נאכט שפעט?

וועו גייט זיא אוועק?

ערך אכט אזייגער.

ווען קומט זיא צו ריק?

ארום צעהן.

דאס דארף מען וויסין נינענדיל, אז אמענטש גייט אלע נאכט געווים איז ניט—אומזיסט דער גיין.

איך האב איהר אפילו גיפרעגט וואו זיא גייט, גאהר זיא האט מיר גיזאגט אז זיא גייט צו איהרע אבאקאנטע.

צו אבאקאנטע מאכט ניט אוים, נאהר ניט צו אבאקאנטין.

גיין דאס וועט זיא ניט טאהן, זיא איז ניט דער מענטש אוועלכע גישעפטין צו פירין.

ניט איך וועל זאגין יא, אונ ניט ניין, ביז איך וויים ניט

(חוה דיא בעקערקעס) ריבטיג

גיפֿטיג—קאן איך קיין מיינונג זאגין •

גייא פסח, בייא דיר וואלט שוין גיווען רעכט צו גלויבן אויף איהר •

איך בין שוין אביסיל גיפּראקטיקירט, איך גייס בעסער וויא וואס—אין צוועלט קאן טרעפֿין, אלזא איז בייא מיר קיינע וואונדער וואס בייא דיר קומט אויס אז עס קאן ניט זיין •



# 2.

## דיא בעקערקע •

אין דאפינעל אקליין שטעטיל אין וואקנער גובערנא, איז גיווען אבעקערקע מען האט איהר גירופין גינענדיל, איהר מאן איז ניט גיוועזן צו הויזע, ער פלעגט שטענדיג זיין אויף אשטעלע, אונ דיא פרויא זיינע גינענדיל איז גיווען אגרויסע „אשת חיל" ליידיג האט זיא ניט גיקאנט זיצין, האט זיא גיבאקין בייגיל, בולקעס, ברויט, אונ זיא האט גיהאט איין טאכטער טעז האט איהר גירופין „הוה" זיא איז גיווען זייער אשיינע קינד, אונ שטענדיג איז זיא גיגאנגען זייער ריין אן גיטאן, צו איהר האט גאר ניט אן גיהערט וואס בייא זייא איז שטוב איז אפעקארנע, דיא ברויט וואס זייא האבין גיבאקין האבין—זייא זיך ווייניג גימיסט, ווייל עס איז איין גיפירט אז עס איז—דא אקנעטערין, אונ זיא גייט איבערין שטעטיל קנעטין דיא דייזעס אונ צריין זעצין אין אויבין—אונ ארויס נעמען, אבער צו דיא בייגיל מיט דיא בולקעס האט שוין גינענדיל גימוזט אליין טאהן, ווייל דאס—איז אזא זאך וואס מען קאן זיך ניט פארלאזין אויף פרעמדע הענט, אונ חוה פלעגט איהר צו העלפין אונ אז זיא האט איהר גיהאלפין דיא—צרבעט איז זיא ניט גיגאנגען

(חוה דיא בעקערקעס) אום

אום זיין ווִיא אַלֶע בֶּעקֶער, אִין גִיעֶנִין טֵייל מִיט אַרֵיינְגֶעם פַּארְטִיכֶל, דִיא הָאר שֵׁיין פַּאר קֶעמְט, וֶוער עֶס אִיז אַרַיין צוּ זִייא הָאט זִיךְ גִיט גִיקֶענְט אָפּ קוּקִין פוּן חוה'ן, כְּפְרַט אַז מֶען הָאט שׁוֹין אָפּ גִיבַּאקִין, אוּנ דִיא מוּטֶער אִיז גִיזֶעסִין אִין קְרָאם, הָאט שׁוֹין חוה צוּ גִיקְלִיבִין דִיא שְׁטוּב אַז עֶס אִיז נָאר גִיט גִיוֶוען קֶענְטִיג אַז מֶען הָאט גֶעבַּאקִין, עֶס הָאט גֶעפִינְקִילְט יֶעדֶער זַאךְ, אוּנ זִיא הָאט זִיךְ פֶּערְנוּמֶען מִיט שְׁטוּבִּיקֶע זַאכִין, נֵייעֶן, שְׁטְרִיקֶען, לֶעזִין, אוּנ שְׁרַייבִּין. אַלֶעהָרֶער פְּלֶעגְט גֵיין אוֹיף אַיין אוֹרָאק וָואס עֶר הָאט מִיט אִיהר גִילֶערִינְט דִיא אַלֶע זַאכִין וָואס דִיא צַייט פָאדֶערְט, אוּנ זִיא הָאט זֵייעֶר גְרִינְג אִיבֶּער גִינוּמֶען אַלֶעס, אוּנ אִיהר שֵׁיינְקַייט מִיט אִיהר פֶעהִיגְקַייט הָאט גֶעהַאט אַבַּארוּף אִין שְׁטֶעטִיל, זִיא פְּלֶעגְט זִיךְ נָאהר דוּרְךְ גֵיין, בַּייא—נַאכְט וֶוען דִיא מוּטֶער אִיז גֶעקוּמֶען פוּן קְרָאם, אַלֵיין אִיז זִיא גִיט גִינַאנְגֶען, נָאהר זִיא הָאט גִיהַאט אַחַבְרְתָּה מֶען הָאט אִיהר גֶערוּפִין ציפה, אוּנ זִייא זֵייעֶן גִיוֶוען ווִיא צְווֵייא שְׁוֶועסְטֶער.

אַיין מָאל אִיז גִינַאנְגֶען חוה רוּפִין דִיא קְנֶעטֶערְקֶע צוּ דִיא בְּרוֹיט, הָאט אִיהר בַּאגֶעגְנֶט אַיוּנְגֶער מַאן אוּנ הָאט אִיהר גִיזָאגְט, חוה אִיךְ ווִיל מִיט אַייךְ וָואס רֵיידִין:

אִיךְ בִּין יֶעצְט פֶּערְנוּמֶען, אוּנ אוֹיפִין גַאס אִיז גִיט דֶער אָרְט.

ווִיא קָאן אִיךְ זִיךְ זֶעהן מִיט אַייךְ?

קוּמְט צוּ מִיר צוּא הוֹיזֶע.

גוּט אִיךְ וֶועל שְׁפֶּעטֶער קוּמֶען.

אוּנ חוה אִיז זִיךְ גִינַאנְגֶען אִיהר וֶועג, אוּנ הָאט גִישִׁיקְט דִיא קְנֶעטֶערְקֶע זִיא זָאל צוּ רֶעכְט מַאכִין דִיא בְּרוֹיט.

אַז זִיא אִיז גֶעקוּמֶען צוּ הוֹיזֶע, טְרַאכְט זִיא זִיךְ וָואס קָאן עֶר מִיר דַארְפִין—דֶער זִייגֶער מַאכֶער? אִיךְ הָאבּ קַיין זֵייגֶערִיל נִיט צוּא פַארְרִיכְטִין, גִיוִויס אִיז נִיט אוּמְזִיסְט, ווִיא זִיא טְרַאכְט אַזוֹיא עֶפִינְט זִיךְ אוֹיף דִיא טִיהר אוּנ עֶס אִיז אַרַיין דֶער יוּנְגֶער מַאן וָואס הָאט אִיהר בַּאגֶעגְנֶט אוּנ זָאגְט גוּט נָאווִינְט חוה, וָואס מַאכְט אִיהר?

גוּט יָאהר ישׂראל, אַנַאסְט בַּייא אוּנְז זִיצְט.

(חוה דיא בעקערקע)

איהר ווייסט תּעלע וואס איך בין גיקומען צו אייך?
דער ווייל ווייס איך ניט.
איך וויל זיך נאך פרעגין ביא אייך אויפין לעהרער.
וועגין וואס ווילט איהר פרעגין?
איך דארף לערנען מיין שוועסטער, זוך איך אלעהרער.
איהר קאנט איהם נעמען, ער איז זייער אגוטער לערער:
אויב אזויא פרייט מיר זייער, דארפין זיך זעהן מיט איהם.
איך קאן אייך איהם צו שיקין אויב איהר ווילט.
איך דאנק אייך תּאוועלע, איך וועל זיך שוין זעהן מיט איהם, גאר וואס מאכט איהר תּוה? וויא פאר ברייננט איהר זיך דיא צייט?
וויא איהר זעהט, אין ארבעטין, אין לעזין.
אונ פון שפּאצירין האלט איהר גאר ניט?
יא איך האלט פון דעם.
מיט וועמען גייט איהר?
מיט מיין חברתה ציפּהן.
ציפּה שׂרה לאה'ס?
יא, גיטראפין.
ווארום זעה איך אייך גיט?
גיוויס גייען מיר ניט אין איין ארט.
אבער אין גרויסין סאד גייט איהר?
דער ווייל נאך ניט.
אויב איהר ווילט תּוה, קומט היינט אין סאד, איך וועל אייך ווייזין וואס דער שׂרה האט דארטין געמאכט.
איך וועל היינט קומען מיט ציפּהן אויהר אבט.
גוט איך וועל אייך דארטין ווייזין אזעלכע פיגורין וואס איהר וועט וועריין זייער אינטערעסירט.
ביא נאכט זעהן מיר וויא דער זיינער מאכער מיט תּוהן אונ ציפּהן גייען זיך שפּאצירין איבערין סאד, דער זיינער מאכער ווייזט זייא יעדער זאך אונ זאגט זייא וויא מען רופט דאס, אונ זייא

(תּוה די בעקערקע) זייגען

זיינען געוועזן זייער צו פרידין פון דעם שפאציר, נאכהער זאגין זייא זיך געזעצט אויף א באנק, און חוה פרעגט דעם יונגער מאכער וויא מאכט איר? און וויא גייט אייך דער געשעפט.

ער האט איהר געענטפערט יעדער זאך וויא געהעריג איז, נאכהער זאגט דער יונגער מאכער מיר איז זייער אנגענעהם אייער באקאנטשאפט, אויב זייא ווילין זיך פאר ברייגען דיא צייט אלע אווענט, קאנט איהר אהער קומען, און איך וועל זיך מיט אייך דא פאר ברייגען ווען איהר וועט זיין.

מיר דאנקין אייך זייער זאגט ציפה מיט חוה'ן.

איהר דארפט מיר ניט דאנקין, אין געגענטהייל איך דאקף זייא דאנקין, און זייא זיינען געגאנגען צו הויזע:



## 3.

## דער יונגער מאכער.

אין דער זעלבינגער שטעטיל איז געוועזן א שיינער בעל-בית מען האט איהם גירופין בעריל טייץ. ער איז געוועזן א פרומער, און א גילערינטער, אויסער אלעס האט ער געהאט איין איינענע הויז מיט א גאלאנטעריינעם מאגאזין.

ער האט געהאט צווייא זין מיט איין טאכטער וואס זיין פרוי דרעזיל האט אים גיבארין, ער האט זייא גיגעבין בילדונג וויא פיהל זייא האבין גיפאדערט, דער עלטערער זוהן ירחמיאל האט חתונה געהאט, און דער איינגערער ישראל האט זיך אויס גילערינט צו אלע קענטינעס זיינער מאכער, און ער האט גיעפינט א גאנצע מאסטערשקאיא ביא זיין פאטער אין הויז, און ער האט באקומען א גרויסין נאמען, ער פלעגט פאר דינען ביז פופציג רובל א חודש, און וויא דאפינעל איז א קליין שטעטיל, האט מיט איהם גיקלונגען

דיא שטעטיל, ער איז גיגאנגען ווייטער ביז ניקלייד , [illegible]בט בייא אזא—טאלאנט מוז מען גיין ביין.

אז ער איז אריבער דעם פריזיו, האט מען איהם פאר גישטעלט—גרויסע פארטייען מיט טויזענט רובל גדן, ערשטענס איז ער פון אשיינע פאמיליע, און צווייטער אנגעלערנטער, און דער צו איז ער אזא גרויסער פארדינער, ער זעלבסט איז גיוועזן זייער אשיינער מיט ליבליכע רייד, גאנץ שטעטיל האבין אויס גיקוקט אז ער זאל אריין אין גרויסע הענט.

אז ער איז גיגאנגען מיט הוה'ן און מיט ציפה'ן שפאצירין האט ער שוין פאר לארין דעם לוסט פון אלע פארטייען וואס מען האט פאר גישטעלט, אז ער איז געקומען צו הויזע איז ער גיוועזן זייער צו רודערט, וואס פאר אשיינע קינד דאס איז, הייזט איהרע רייד, עס איז דאך אמתנה פון גאט אלע מעלות וואס זיא האט, היינט איהרע זויבערקייט, דאס איז דאך ניט צו באקוקען, אזא קינד האט גיפאסט אין אריינעם און אין אשיינעם גישעפט, ווען זיא וואלט נאהר זיין סאנלאסנע—בין איך נאטאוו איהר צו נעמען אן אקאפיקע, נאהר ווער ווייסט אויב זיא וועט וועלין, פיליכט האט זיא שוין א... נאהר דאס איז פוסטע זאכין, זיא איז איונג קינד. קיין תנאים איז נאך ניט גיוועזן, ווען עס וואלט גיוועזן, וואלטין מיר אויך געוואוסט, חייל דיא שטעטיל איז אקליינע, נאהר וואס דען דא וועט זיך אן הייבין—אגאנצע חתונה פון מיינע עלטערין, זייא וועט גיוויס ניט פאסין צו טאהן מיט דיא בעקערקע, הא, אזויא וועלין זייא גיוויס זאגין, אז איך קאן טאן אן אבעקער, גירעכט, אבער וואס קאן דאס שאטין—וואס זייא זיינען בעקער? זייא זיינען פיינע מענטשין, איבער—הויפט וואס חאחעלע איז אוויילע קינד, דאס איז דאך דעם—מענטשינס פארגעניגען, עט, זייא וועלין בעסער ווערין... אבער וויא ווייס איך וויא חוה האט אין גידאנק, דאס וועל איך וויסין, נאהר מען דארף ניט חאפין, פריער וועל איך זיך דורך גיין מיט איהר אלע נאכט—און אז איך וועל ווערין גוט באקאנט, דאן וועל איך שוין ריידין.

(חוה דיא בעקערקעס)

קורץ

קורץ ער איז געוואָרין מיט חוה'ן נאָך באַקאַנט, אונ וואָס ווייטער איז ער מעהר איבערראַשט, ביז עס איז אַוועק געגאַנגען אַפּאָר חדשים צייט, איז ער זיך מישב אונ זאָגט, היינט דאַרף איך וויסין וואָס מיט מיר איז, אונ וויא ער איז מיט איהר געוועזען אין סאַד, זאָגט ער צו איהר:

חוה'לע איך וויל וואָס פרעגין בייא אייך.

פרעגט ישראל, וואָס איהר דאַרפט.

אייך איז אַנגענעהם מיט מיר דיא באַקאַנטשאַפט?

ווען מיר וואָלט ניט געוועזען אַנגענעהם וואָלט איך מיט אייך גוט...

איך דאַנק אייך חוה, אָבער איך וואָלט וועלין אַז איך זאָל מיט אייך שטענדיג זיין צו זאַמען.

זיא ווערט רויט, אונ פרעגט וואָס מיינט איהר ישראל?

איך מיין, ווען איך וואָלט געוועזען מיט אייך שטענדיג, וואָלט מיר געוועזען זייער גוט.

וואָס פאַר גוטעס וואָלט איהר געפילט?

איך וואָלט געפילט אַז מיין זעלע איז בייא מיר.

אונ יעצט וואו איז אייער זעלע?

אַי עווע ניט באַיי מיר.

בייא וועמען דען אַז ניט בייא אייך?

אַי עווע, באַי אייך איז מיין...

וואָס רעט איהר איזראעל?

עווע, איהר זייט אַקלוגע אונ אַגוטע, אונ אַגילערענטע, קאָנט איהר יעצט גוט פאַרשטיין מיין...

וואָס רעט איהר? קאָנצעט לאָמיר וויסין.

צייט איהר האָט זיך געוויזין אין מיינע אויגין, וויל איך גאָר ניט הערין דיא אַלע פּאַרטייען וואָס מען שטעלט מיר פאָר.

פאַר וואָס?

פאַר דעם, וואָס איהר האָט בייא מיר צו גענומען מיין בריה'יט, מיין גאַנצין־פאַרגעניגען פון דעם יונגענט.

מיר דוכט אז איהר האט א טעות איזראעל.

נוטע עוויע, איך האב קיין טעות ניט, איך האב שוין מיט זיך פיעל מאהל גירעט וואס טוט זיך מיט מיר? פיליייכט איז דאס נאהר איין איינבילדונג, נאהר דיא וועלט איז מיר ניט ליב, דיא שטוב איז מיר איינג, דיא—גידאנקין לאזין מיר ניט רוהען, וואו איך שטייא אדער איך גייא, שטייט—מיר פאר איינער שיינער גישטאלט, איינע אויגין האבין מיין הארץ צו גינומען, איינע רייד האבין מיין זעלע גירויבט, און ער האפט איהר האנט און רירט צו צו זיין מויל, און טרערין זיינען אראפ פון זיינע אויגין— אויף איהר האנט.

איזראעל, איהר זייט אין אירטהום, איך גלויב דאס גאר ניט אזא מענטש וויא איהר זייט. זאלט זיך אראפ לאזין נידריג צו דיינקין וועגין א בעקערס א טאכטער.

גינעדיגע עוויע, איהר מוזט מיר גלויבין, און איך לאז זיך גאר ניט נידעריג, וואס איז א בעקער, און וואס איז א זיינער מאכער, דיא טאלאנטין איז גאר גישט, נאהר דער מענטש איז דיא נאטורגע זאך—איך פאסט זיין אפילו דעם גרעסטין גביר'ס קינד, ניט אזויא—פאר א זיינער מאכער.

איזראעל, הערט מיינע ווערטער וואס איך וועל אייך געבין צו דער קלערין, איהר זייט אין שטעטיל פון דיא גרויסע פאמיליעס, און איך בין וויא מען זאגט, א באלע-בתישע קינד, הגם מיר זיינען אויך ניט פון געמיינעם שטאנד, ווייל מען וויל מיר געבין פיר הונדערט רובל--נאהר מיר וועלין דאס אוועק לייגין אן א זייט, איהר וועט געוויס אן איינע עלטערין ניט טאן, און מען מוז טאן מיט דיא ערלויבעניס פון דיא עלטערין, געוויס וויים איך אז זייא וועלין אייך שטערין, און איהר וועט זייא מוזין פאלגין, וואס וועט זיין דער פון? וועט איהר דאן ארויס זעהן אז איהר האט גיפלאנזעט, אלזא איז בעסער גאר ניט צו דיינקען וועגין דעם.

נוטע עוויע, דאס איז מיין זאך, איהר זעהט דאך ארויס אז [illegible] שטעלט מיר פאר מיט טויזנד רובל, און איך וויל ניט

וויסן פון זייא, פאר וואס? איך גיפין מיין גאנצער גליק אין בייא
אייך, אלזא דארפט איהר גאר ניט דיינקען וועגין שטערין, עס
וועט קיינער ניט שטערין, אונ עס וועט ניט העלפין דער שטערין,
אונ ער פאלט איהר אויפין האלז מיט אגיוויין ...
אין ריכטיג איזראעל?
הייליג זיינען מיינע ווערטער.
אויב אזוי קאן איך אייך נעבין מיין ווארט.
בין איך גליקליך, האט ער אוים גישריען;
אויב אייער גליק אין דאס, זייט איהר ניט ווייט פון גליק.
ער נעמט איהר ארום, אונ גיט איהר אקוש, אונ זיא האט
זיינע ליפען אויך בעפייכטעט מיט איהרע ראזע ליפען, אונ אין
סאד האט זיך גיהערט דער קלונג פון זייער קוס.
זייא זיינען גיגאנגען צו הויזע, אונ בייא זייא איז גיבליבין
אז דאס זאל זיך זיין מיט דער נאטוהר, אונ שטארין ניך אז עס זאל
זייא אן קומען גרינג זייער גליק וואס זייא האבין גיפונען, אונ קיין
שטער וועט דא ניט קאנען שטערין אין זייער גליק.



## 4.

### בייא בערי׳ דייץ.

וואס זאגסטוא ישראל מיטין שידוך וואס דער שדכן האט
פארגישטעלט?.
עס איז פוסטע זאכין.
פון וואגען ווייסטוא?
דיא הארץ זאגט מיר.
גייא נאר איינער, אז דוא וועסט איהר זעהן, וועט דיין מאריין
בעסער ווערין.
איך וועל ניט גיין.
(תוה דיא בעקערקעס)

אבער מיר האבין צוא גיזאגט אז מיר וועלין דארטין זיין.

קאן מען דעם פעלער פארריכטין.

איך קאן ניט בייטין מיין ווארט.

פאטער, דו זאג דעם שדכן אז איך מוז אוועקפארין.

הער ישראל, איך קאן ניט גיין מיט ליגין, עס איז אומפאסיג זייער, וויא באלד מיר האבין צו גיזאגט צו זיין, איז גאר קיין פרץ ניטא.

אבער אונזער זיין איז אומזיסט, אונ דאס איז ערגער איידער ניט גיין, זייא זיינען באקאנטע מענטשין וואס מיר באגעגענען זיך מיט זייא אפט, איז מיר זייער ניט אנגענעהם דער וויזיט.

פון וואנען ווייסטוא אז עס וועט זיין אומזיסט? ישראל.

איך ווייס גיוויס.

אויב דוא ווייסט גיוויס, קאנסטו מסתמה דיא מיידיל גוט, נוין, איך קאן איהר פון דער ווייטין.

איז דאך ווייטער קיין באוויז ניט אז דיר וועט ניט זיין גיפעלין?.

עס איז א ריכטיגער באוויז.

ישראל, נאך דיינע רייד פאר שטייא איך אז בייא דיר איז שוין דא צייט, נאהר זיין אזא חכם צו טרעפין וואס דאס איז, בין איך ניט אזויא קלוג, אלזא בעט איך דיר אז דוא זאלסט מיר זאגין וואס איז מיט דיר.

מיר רעט איינער א שידוך וואס מיר איז גיפעלין.

ווער איז דער שדכן? אונ מיט וועמען רעט מען דיר?

דער שדכן איז א היגער, אונ דער שידוך איז אויך פון היר.

ווער איז דאס? ישראל.

גיוויס וועסטו לאכין פון מיר ווען איך וועל דיר זאגין.

אז בייא דיר איז גלייך, וויא אזוי וועל איך לאכין.

פאטער, דו ווייסט נוט אז א פארטייא מוז מען נעמען וואס עס איז גיפעלין, אונ נייטין אין דעם טאר מען ניט, נאהר וויא דיא וועלט איז אין פיהל זאכין גינארט, מען זוכט יחוס, יא יחוס אבער וואס רוק איך איין ערינטליכער מאן, איין שיינע פאמיליע,

(תצה דיא בעקערקעס)

און אויף דעם טאלאנט איז ניטא קיין יחוס, אבער די וועלט האט זיך איין גירעט אז דער יחוס איז אויפ'ן טאלאנט, למשל א באנקירער, א סוחר, דאס איז גרויס יחוס, ער קאן זיין ניט איבעריגנס גוט, און מאן אין גישעפט ניט ערינטליך, איז ער א פיינער מענש, דאס גלייכען אין רעמעסלעניקעס, אלע זייענען ארבעטער, אבער ביי די וועלט איז ניט גלייך, למשל א שניידער, א שוסטער, איז ניט אנגינעהם ביי די וועלט, אבער א גאלד-שמיד, א זייגער-מאכער, א שמוקלער איז שוין פיהל בעסער—און שענער, פאר וואס אין אופראווא ניט מען אלעמען גלייכע דופלאגען, ניט דעם פראסטערן טאלאנט שרייבט מען אז ער איז מיט פראסטין ארבעט, און דעם איידעלערן ארבעטער ניט מען ארוים מעהר אן גישריבין מיט גלעקליך, ווייל אלע זיינען גלייך, די גאנצע וועלט—קאן זיך דאך ניט בעשעפטיגען מיט איין רעמעסלא, און אזויא ווי איך קאן דא אפעגטשין איין ערינטליכען, א קענער, א קלוגער, און די פאמיליע איז א שיינע, און ער האט א טע כמער, וואס מען קאן זאגין אויף איהר אז דאס איז איין אוים נאהם, האב איך גיוואלט איהר פאר א פרויא נעמען, זיא וואלט מיר גיווים אפ גיהיט ווי די אויג פון קאם, און איך וואלט גיוואקסט פון אלעבין.

זאג מיר ווער זיינען זיא?.

מיט פסח פרידמאן.

דער פאטער שטעלט אוים צוויא אותין און זאגט, גאט אזויא, אליין אוים גיקליבין א שידוך, אליין דער שדכן, דער ווייל ווערסטיא מיר פאר שפארין שדכנות געלט.

ישראל האט גיזעהן אז דער פאטער איז ניט צו פרידין, קלערט ער מען דארף איהם געבין צו ערקלערין אז ער איז אויך א ביסיל פארפירט, רופט ער זיך אפ —

פאטער ווארום גיפעלט דיר ניט?

מיט די בעקערקעס טאכטער האסטו זיך שוין באקאנט.

וואס איז א בעקער, ניט קיין מענטש?

(חוה די בעקערקעס)

ניא, גייא דורבאק, נעם בעסער רחמיאלס מאכטער, ער איז דאך אשנייַדער, וועט ער דיר פארריכטן דיינע לעכער וואס דוא העסט מאכין אין דיינע קליידער.

פאטער וויא איז אז מען איז פריער אסור, אונ דער נא־טוס—זיך אדרייא־דער רעדעלע, אונ מען ווערט אבעקער, אדער אהעקער? -- דאן איז שוין גוט.

ישראל דוא זאלסט מיט מיר ווייניגער טענות האבין, דוא ביזט אין שכל רויה ווילסטוא אז דיא בעקערקע זאל דיר אביסיל אפ באקין, אבער דיר וועלין שוין צעהן בעקער אויך ניט קאנע דער באקין, דוא ווערסט שוין אזוי מוזין בלייבין ניט דער באקין גאר רויה.

אויב אזוי פאטער, זאג איך דיר אז מיט בייזין וועסטו גיוויס ניט אויספירין, דא איז קרוינאם מעלות, אונ שיינע עלטערין, אונ אשיינע פאמיליע נאהר דיר פאסט ניט דער נאמען בעקערקע. זיא ווערט דאך שוין ניט זיין־קיין בעקערקע, אונ אויסער אלעם וואס איז רחמיאל'ס שווינגער? אפשר איז זיא שענער וויא דיא בעקערקע? הא, אקצב איז שענער אמת הא?

שטיל! דוא שווייגסט! וואס איין עזות פנים קען ריידין, נוא טאטע זיסער דער לעבט נסת פון מיין ישראליקין. ער ווייזט מיר ראיות פון יענעם שידוך, ערשטין איז דאס ניט פון איין שטאט, אונ צווייטינס זיא אליין־קצבט ניט, זיא האלט מענטשין.

אונ דיא בעקערקע קנעט אויך ניט אליין, עס איז דא איין אידענע וואס קנעט, אונ ווייבער נעמען דיא גיבעק, אונ צוא טראגין אין דיא־חייזער—אונ דיא מישט זיך ניט, אונ אויסער אלעם, איז דאך פסח איין איידיל מאן, אקענער, ער באטרעט דאך שטענדיג אשטעלע, — אונ איז מיט אנאמען, אונ אויסער אלעם דארף איך זעהן אז דער־עיקר זאל זיין ארעכטס, אונ דאס האב איך ניפונען נאהר ביא דיא בריידין:

ישראל קען וואקסין האר אויף דיא נעגיל, אזויא קאן זיין מיט דיא בעקערקע דער שידוך, אונ מאך זיך ניט צום נארין,

(חוה דיא בעקערקע) אונ

אונ קלייב זיך צו—מיר וועלין גיין אן קוקין דיא כלה.

פאטער, וואס איך וויל—ווילסטו ניט, אונ דאס וואס דוא ווילסט—וועל איך גיוויס ניט וועלין.

קיין גוטער איד זאל דיר ניט קאנען! ואונ האט אקלאפ גיטאן מיטין טירר אונ איז ארויס.

## 5.

## דבשה דיא קנעטערקע.

גינענדיל, דער אויבין איז שוין אויס גיהייצט, מען דארף שוין אויס קערין אונ זעצין דיא ברויט:

איך בין אויף אייך בייז דבשה, איך בין בייא אייך גיווארין גאר דיא לעצטע, אמאהל האט איהר גיוואוסט אז איך דארף זיין דיא ערשטע, אונ היינט מאכט איהר מיט מיר שאך מאך:

מיט וואס באגייא איך זיך ניט וויא אמאהל?

דבשה איך בין נאך אויך אזוי קלוג וויא איהר, איהר וועט מיר ניט פאר בלענדין דיא אויגין, אמאהל זייט איהר גיקומען צו דער צייט, אונ עס איז גיוועזן פשוט אפארגעגאנגען, צו דער צייט גיזעצט, גיבאקט אבער היינט זייט איהר גיווארין אגאנצע פריצטע, אז מען דארף אייך זוכין מיט ליכט אזויא וויא חמץ ערב פסח צו דער בדיקה, מיר שיינט אז איך בין נאך גארניט השעם (ברוך השם) אזא בעל פרנאסעטע וויא אלע שטעטילסע בעקער, ניט ערגער ווייטער, דארפט איהר וויסין אז פריער איך אונ דער נאך נאט (להבדיל) האט אייך גיגעבין צו פארדינען אגראשין, אבער בייא אייך איז גאר ניט אן גילייגט, פריער גייט איהר אין דיא קליינע ערטער, צו הירשלען, צו שרה'ן, צו מרדכען, אונ אז איהר פאטערט זייא אפ, שלאפט איהר זיך אויס קומען צו מיר:

ווען בין איך גיקומען צו אייך ניט צו דער צייט! פאיישער היינט האט זיך גימאכט אפריצינע, אזויא אבער ווייסט איהר גינענדיל וויא איך היט אייך אפ, אזוי פיל מוזינדער זאל איך האבין, וויא פיל מאהל מען האט מיר אויס גירעט פאר וואס איך

נייא פריער צו אייך, אָבער איך ווייס דעם חשבון אַז אייך בוז איך אַפּ היטין וויא נוייט איך קאן בעסער וויא זייא, ערשטינס בין איך בייא אייך שוין פון יאהרין לאנג, אונ צווייטינס איז אייער גישעפט ניט גלייך צו זייערין, זייא באקין צוויא אויבינס אטאג, אונ איהר אין ענין הרע באקט פינף אויבינס, אונ איהר קוסט נאך קורץ אין סחורה, ווייל אייערע ברויט האט אבארוף אין גאנץ שטעטיל אפילו ישראליקיל בערילס זון דער ויינגער מייסטער זאגט אז איבער אייערע גיבעק איז גיטא:

וויא קומט דאס אז דער ויינגער מאכער זאל גאר ריידען וועגין דעם?

נינענדיל, איהר ווייסט אז צוויא ווייסין איז קיין סאד ניט, אונ וואס איז דאס פאר אבושה וואס איהר מאכט זיך אזויא וויא איהר ווייסט ניט, איך זאג אייך, אנא יאהר אויף מיר וואס פאר אמהייערע קינד תהלע איז, זיא איז דאך איין אמתע פארשוין, אונ קלוג, זיא פאסט טאקע פאר דעם ויינגער מייסטער:

דבשה וואס האט איהר דא אן גירעט, איך ווייס נאך גאר ניט, איך וויל איהר זאלט מיר איבער דער ציילין:

מילא דאס זייט איהר גירעכט, איידער עס ווערט אויס גיפירט דארף דער פון קיינער ניט וויסין:

אָבער ניט מיר צו ערקלערין דבשת וואס ווייסט איהר, אונ וואס האט איהר גיהערט עפעס וואס נייעס:

בייא מיר איז דאס גיווים אנייס, אָבער בייא אייך איז דאס געווים קיין נייס ניט, ווייל אז מיר ווייסין, געווים ווייסט איר פריער:

זאל איך אזוי ניט וויסין פון ביינע פאקין, וויא איך ווייס גאר ניט פון דעם וואס איהר האט דא גירעט

דאס איז שוין מיר אחידוש נינענדיל, וויא הייסט דאס? אז מען רעט איין שידוך וויא ווייס מען ניט מיט וועמען?

נוא דבשה, איהר קאנט אויך דיא גיזונט אַרויס גנעמען:

איהר ווייסט נינענדיל, אז מען רעט אייער תהלען מיט בעריל'ס זון ישראליקיל דער ויינגער מייסטער, אנא יאהר אויף

(תוה די בקערקעס) מיר

מיר וואס פאר אמהייערער קינד ער איז , אונ אגרויסער פארדינסט ,
עס איז ניט קיין נארישקייט , דער שדכן האט אמת גוט צו גיפאסט ,
עס איז אגלייכער פאאר אויף לאנגע יאהר :

נינענדיל האט זיך נייער צו לאכט , אונ זאגט דבשן איהר האט שוין צו גיפאסט זייער גוט , אבער זאגט מיר ווער איז דער שדכן :

דאס ווייס איך נאך ניט , איך וועל שוין וויסין , אחא , דבשה וועט ניט וויסין וואס אין שטעטיל טוט זיך. איך האב שוין סגל צו דעם , איך האב פיינט צו פרעגין , נאהר מען דער ציילט מיר אליין :

נוט דבשה , פון וואנען ווייסט איהר אז מען האט פאר גישטעלט דעם שידוך פאר בערלען ?

פון וואנען ? אגוטע שאלה הלעבין , דער פאטער האט זיך מיט אים גיקריגט אין קראם ביי דעם ווארגשטאט :

איהר האט אליין גיהערט ?

עס האבין גיהערט פיל מענשין , נאהר איך בין פאר ביי גיגאנגען , — האב איך גיפרעגט דיא מענשין וואס איז דא פאר ארעדיל , האבין זייא מיר גיזאגט , אז בעריל קריגט זיך מיט זון איבער חוה'ן דיא בעקערקעס :

גינוג צו ריידין , קומט זעצט דיא ברויט :

זיא זעצט דיא ברויט אין אויבין , אונ זאגט אים ירצה השם אז גאט וועט געבין אז עס וועט זיין תנאים , מוז איך טרינקען בראנפין צום חתן אונ צו הוחלען , אונ זיך גוט איין שיכערין :

נינענדיל שטייט פאר טראכט אונ קלערט וואס קאן דאס זיין ? קיין ליגען וועט זיא דאך ניט. אויס קלערין , עפעס מוז דאך דא זיין , וויא קומט דאס אז בעריל זאל ריידין וועגין אונז ? דאס ווייס איך אז אשדכן וועט ניט פארשטעלען בערלען מיט אונז , אונ בעריל האט זיך נאך גיקריגט מיט זון וועגין דעם , עס איז זייער שווער צו פארשטיין דיא זאך :

דאיינגעט ניט נינענדיל זאגט דבשה , איך וועט קומען אין גיכען אמזל טוב.

(חוה די בעקערקעס)

# 6.

## חַוָה מִיט צִיפֶּה'ן .

נוּא חוה וִויא גֵייט דָאס צוּ דֶער גִ'שֶׁעפְט ?

עֶס אִיז זֵייעֶר גוּט, אָבֶער אִיךְ בִּין אִין סָפֵק אוֹיבּ עֶר וֶועט קָאנֶען אוֹיס פִירֶען :

פַאר וָואס חוה ?

פַאר דֶעם וָואס זַיינֶע עֶלְטֶערִין זֵיינֶען דָאךְ פוּן דיא גִילְדֶערְנֶע פָאן רֶעכִין אִיךְ אַז זֵייא וֶועלִין אִים שְׁטֶערִין :

אָבֶער עֶר פוּן זַיינֶער זֵייטֶע אִיז דָאךְ פַארְטִיג :

אַרוּם דֶעם אִיז נִיטָא וָואס צוּ רֵיידֶען :

הֶערְסְטוּ חוה, אִיךְ בִּין גִיקוּמֶען דִיר אִיבֶּער גֶעבִּין נַייס, הָנֵם אִיךְ וַוייס נִיט אוֹיבּ דָאס וֶועט דִיר זַיין אַנְגִינֶעהם, דָאךְ אִיז דֶער שׁוּלְד פוּן אַגוּטֶען פְרַיינְד אִיבֶּער צוּ גֶעבִּין דִיא וֶוערְטֶער, מֶען זָאל וויסִין וואוּ מֶען אִיז אִין דֶער וֶועלְט :

גֶעוִויס דַארְף זַיין אַזוֹיא, אַגוּטֶער פְרַיינְד זָעהט צוּ פַאר הִיטֶען, אוּנ דָאס וָואס דִיר דַאכְט זִיךְ אַז מִיר וֶועט זַיין נִיט אַנְגִינֶעהם, אִיז גָאר קֵיין בַּאוַוייז נִיט, עֶס קָאן גֶעבִּין אַז פוּן שְׁלֶעכְטְ זָאל זִיךְ אוֹיס לָאזִין זֵייעֶר גוּט :

דָאס אִיז גֶעוִויס, דֶער פַאר בִּין אִיךְ גִיקוּמֶען דִיר צִ'יבֶּער גֶעבִּין דוּא זָאלְסְט וויסִין וואוּ דוּא פִיזְט אִין דֶער וֶועלְט.

נוּא צִיפֶּה'לֶע זָאג מִיר :

ישראליק הָאט הַיינְט זִיךְ גִיקְרִיגְט מִיטִין פָאטֶער אִיבֶּער דִיר :

אִיבֶּער מִיר וִויא אַזוֹיא ?

רִיכְטִיג וִויא בַּייא זֵייא אִיז פָאר גִיקוּמֶען דֶער רָאזְנָאוָואר וַויים אִיךְ נִיט, נָאהר וָואס דֶען ? בעריל הָאט אִים גִיזָאגְט, זָאלְסְט זִיךְ נָאר נִיט אַיין רֵיידִין אַז דִיא בְּעֶקֶערְקֶעס טָאכְטֶער וֶועט זַיין סַיין שְׁנוּר :

גֶעוִויס הָאט מֶען אִיבֶּער גִיגֶעבִּין דֶעם פָאטֶער אַז אִיךְ גֵייא מִיט אִים שְׁפַּאצִירִין דַארוּם הָאט עֶר אִיהם גִיגֶעבִּין אַגָאז, אָבֶער אִיךְ הָאבּ

פריער גיוואוסט אז זייא וועלין ניט דערלאזין, נאהר ער האט מיר צו געזאגט אז ער וועט אוים פיהרין, זייא וועלין זיך איבער בייזערין אונ וועלין זיך אונטער געבין, אונ אז ער וועט נאהר וועלין, וועט ער גיוויס אוים פירין:

איך וועל דיר זאגין חוה אז דוא דארפסט זיך ווייניג אינטרעסירען וועגין דעם, ווייל אלע מאנסלייט האבין איין נאטוהר, זייא ווערין אין איין מינוט איבער געביטען, אונז דוכט זיך אז ער איז שוין פארטיג, אונ ער וועט אייך צו זאגין גילדערנע בערג, מיט איין מאהל ער דער זעהט אשענערע אהא ער איז שוין ניט דער:

ציפעלע, ישראל איז ניט גלייך צו אנדערע מאנספערזאהנען ער וועט זיין ווארט ניט בייטין:

חוה, איך פרעג דיר נאהר אז זיינע עלטערען ווילען ניט, וועט ער זייא אריבער גיין? ער וועט אנפאנגם פרובין שטארען זיך מיט זייא צו ריידין, אבער אז ער וועט זעהען אז ער קאן גאר גישט מאכין וועט ער זייא געוויס פאלגען:

אזוי וויא ער קען זיך אונטער געבין, קאן דאך טרעפין אז זייא זאלין זיך אונטער געבען:

גיין חוה דאס איז שווער, אסימן האסטו אז זייא האבין זיך געקריגט האט דער פאטער געזאגט צו איהם, דיא כלה וואס מען רעט דיר האט זיא טויזענד רובל, אונ אויסער אלעס, איז זיא זייער אזעלטענע שיינהייט, אונ איין קענערען, אונ אז ער וועט זעהען אז דיא עלטערען זיינען ביז אויף איהם, וועט ער זייא געוויס פאלגען:

דער ווייל גלויב איך גיט, דאס וועט ער ניט טאן נאהר וואס דיא צייט קאן מאכין, ווייס איך ניט:

גיב דיר גאט וויא דו פארלאנגסט חוה, נאהר צו פיל גלויבין דיא מענער דארף מען ניט:

דער ווייל איז אריין חוה'ס טומער אונ זאגט חוה איך וועל דיר שפעטער דארפען:

(הוח דיא בעקערקעס)

אַגוסטין תוה, איך דאַרף גיין צו חויזע:
וואס הײלסטו זיך אַזוי ציפה?
ניין איך מוז ניין, איך בין גיקומען דיר איבער געבין
דיא ווערטער:
גייא געזונטערהייט ציפעלע איך דאנק דיר:
אַז ציפה איז ארויס, זאנט נינענדיל צו איהר, תוה דער
שדכן איז דא אין קאמער:
וואס טוט ער דא?
ער איז גיקומען וועגין שידוך:
וואסער שידוך?
מיט מענדלען:
לאז צו רוה מאמא, דאס איז גאר נישט:
פאר וואס הוט?
פאר דעם, וואס מענדיל איז ניט פאר מיר...
זאג מיר וואס איז ער ניט פאר דיר?
ער איז איין זארט מענש ניט נאך מיין גוסט:
וואס רעדסטו מיין קינד! ער איז אוואויל קינד:
אוואוילער איז ער, אָבער ניט פאר מיר:
פאר וואס ביזט דוא עפעס געווארען אַזוי גרויס?
איך בין ניט גרויס, נאהר איך זוך מיין גלייכען:
אונ ער איז ניט דיין גלייכען?
ניין מאמא, גאר ניט גלייך צו מיר:
פאר וואס ביזטו געווארען אַזא יחסענטע?
קיין יחוס ניט, נאהר איך דאַרף ניט פון דיא קלאסין מענשין:
וואסערע דען ווילסטו?
איך וויל סוחרישע, רעספעקלעגע מענשען:
אהא, דער פאר ווילסטו ווערין אַזיינער מאבערקע?
וואס איז דאס? אַשלעכטער טאלאנט?
ניין, אַזת גוט, אָבער דוא דארפסט דאך וויסין אַז דאס קאַן
ניט זיין, וויא אַזוי ווילסטו דאס פארלאנגען:
(תוה דיא בעקערקעס)

װען עס װאָלט גיװען אוטעגליך, װאָלט איך ניט פאַרלאַנגט ;
אָבּער זאָג מיר חוה, ער האָט גירעט מיט דיר ?
שױן גירעט, ער האָט מיט מיר פיל מאָהל גימאַכט טענות ;
האָב איך גאָר ניט געװאָלט ענטפערין, נאָהר אַז ער האָט מיר גינעפּען צו דערקלערען אַז עס װעט געװים אַזױ זיין, בּין איך זיכער אַז ער װעט זיין װאָרט געװיס ניט בּייטען :
אָי חוה, דוא בּיזט נאָך גאָר אַקינד, זייא גיט גינאַרט בּייא זיך צו פיל, דו בּיזט גרינג אויף דער דעה, װער עס זאָגט דיר װאָס, בּיזט שױן פיקס אונ פאַרטיג, װיא קאָנסטו גאָר גלױבּען אַזאַ זאַך; עס איז גאָר אַבושה אונ אַחרפּה צו ריידען, עס װעט נאָך אַרױס קומען דער פון לייטעשע גילעכטער, אונ פאַר דיר טױג דאָס גאָר ניט, װיא באַלד דער פאָטער האָט זיך נעקריגט מיט איהם, איז דאָך אַסימן אַז ער װיל ניט, קאָנען מיר נאָך האָבּין פון איהם אַנעפּריאַטנאָסט, ער װעט מיינען אַז מיר ריידען איהם איין ער זאָל ניט פאָלגען דיא עלטערען :
מאַמאַ, איך האָב קיין טורא ניט פאַר דיא אַלע זאַכען, אונ אַז ער האָט מיר צו געזאָגט מאָג איך איהם גלױבּען :
נאַ דיר אַשמעק טאַבּאַק פאַר אַלע דיינע רייד, ער װעט געװיס זיינע עלטערען נײַט אַריבּער, אונ אין גיכען װעט ער אָן דיר פאַר געסען, אַלזאָ האָב דאָס גאָר ניט אין זינען, אונ גאָה זיך צו ביין גלייכען, אונ מען דאַרף זאָגען דעם שדכן אַז זייא זאָלין קומען צו אונז שבּייתע נאַכט :
מאַמאַ, זאָג ניט, אונ רייד ניט, אונ לאָז זיין גידולד :
אָי חוה! דער לעבּט נחת פון דיר, דיר װעט פאַרדריסין ניט מיר, אונ זיא איז אַרױס פון קאַמער.

# 7.

## אױם האָפּענונג.

אַז ציפּה איז אַרױס פון איהר גוטע פריינדין חוה, קלערט זיא בּייא זיך נאָרט מיין לעבּין, דוא װעסט ניט זיין קיין זיינער מאַכערקע, װיא קומסטו צו איהם? דוא דאַרפסט זיין אין אַשטוב פון מעל מיט

דייזעס, אונ מיט נייבער האבין צגישעפט ארויס געבין זייא אלע טאג בייגיל מיט בולקעס אונ אן הערין זיך פון דיא מארק טייבער זייערע שיינע רייד, אבער ניט אן קונען אין איין ביינעס גישעפט מיט אגרויסע פאמיליע נאך דער צו אונ הערין פון אידעלע מענשין זייערע ראזנאנווארען, זיא איז גליך גינאנגען צו ישראלין אין קראם אונ זיא האט איהם גראדע געטראפען אליין וויא ער ביינינט איין זיינעריל:

וויא ישראל האט איהר דער זעהען אזוי לויפט ער איהר אנטקעגין אונ זאגט אגאסט ציפעלע, וואס מאכט איהר?

דאנק פארין נאכפרעגין, אבער וואס מאכט איהר?

איהר זעהט דאך וואס איך מאך, פון אשלעכטען זיינעריל איין גוטען:

אזויא איהר קאנט מאכען פון שלעכט גוט, זייט איהר אבריה:

ניט אלעס קאן איך מאכען פון שלעכט גוט, נאר אזיינעריל:

אונ קיין אנדער זאך קאנט איהר ניט?

וואס מיינט איהר ציפה דער מיט?

אי ישראליק, צפאלשע וועלט איז איצטער געווארען אז...

זאגט ציפעלע וואס מיינט איהר?

איך גייא איצטער פון הויז אונ האב זיך גיקריגט וועגין אייך אז פרעגט איך קאן זיך ניט בארוהיגען:

ער ווערט בלאס אונ פרעגט, פאר וואס האט איהר זיך גיקריגט;

פאר וואס? פאר דעם וואס זיא איז גיט קיין מענש, עס בלאצט מיר מיין הארץ, חגם וואס גיהערט דאס אן צו מיר? דאך זיא איך בין מיט איהר גוטע פריינד אונ מיט אייך אויך באקאנט האט זיא ניט גידארפט אזויא פירען, אונ דער פאר פארדריסט מיר:

ציפעלע זאגט מיר:

דיא גאנצע געשיכטע וואס בייא אייך איז פאר גיקומען ווייס איך, ווייל אפילו האב איך גיזעהען, אונ דיא איבעריגע האט זיא מיר איבער גיגעבין זיא ווייס אז איך בין איהר גוט גיטרייא, יעצט האט זיא חרטה אויף דעם גאנצען גישעפט, דיא מוטער

(חוה דיא בקערקעס) האט

האט איהר גינעבען צו ערקלערין אז דאס קאן ניט זיין, אז איך האב גיהערט פון איהר דיא ווערטער האט מיר פאר דראסין, שטייטס! זאג איך ער האט זיך מיטין פאטער איבער גירעט וועגין דיר, אונ דוא ביזט גאר ניט דיא זעלבע וויא פריער, נו, חוה! ניט אזוי פירט מען זיך, קורץ מיין ריידין איז אומזיסט, אונ זיא ווערט אכלה פאר מענדיל'ס זון, האט זיא מיר גיבעטען אז איך זאל אייך איבער געבען אז איהר זאלט אויף איהר קיין פארדרוס האבין, אונ איהר מוחל זיין :

ער ניט אנווארף דעם זייגעריל אויפען טיש אונ זאגט, נו! ציפה, זאגט אליין קאן מען וויסען ביא איצטיגע צייטין מיט וועמען האט אנגישעפט? בדאי גיוועזען צו קריגען זיך מיטען פאטער אז הערין שיינע ווערטער פון אים, אים האב איך אן גימאכט שמערצין אונ איך בין גיבליבין אנאר.

וויים איך? אפשר עסין זיך די הארץ פון דעם איז ניט כדאי, זיא איז אנאר וואס זייט איהר שולדיג, זאל זיא זיך גיין גיזונטע הייט, איהר וועט באקומען אייער גלייכין.

אבער פאר דריסין מאג מיר ציפעלע, וואס בין איך עפיס אנ זיא איז די קלוגע אונ מיר האט זיא גימאכט צום נארין? גיין איך על איהר גיוויס ניט שווייגען, איך וועל זיך שוין זעהן מיט איהר אונ איהר געבין די גאב.

ציפה ווערט בלייאס אונ שרעקט זיך טאמער זעט ער מיט איהר, איז דאך איהרע ארבעט אומזיסט, אונ זיא וועט נא בלייבין אנאר אונ אפאלשע געגין חוה'ן, זאגט זיא הערט ישראל עס פאסט גאר ניט פאר אייך צו ריידין מיט איהר, איהר דארף ניט פאר געמין וועהר איר זייט, אונ ווער זיא איז, אונ איהר הא גיוואלט פאר ביינין אייער כבוד, אונ איהר גליקליך מאכין, אם עג האט זיא זיך אוים גילאכט פון אייך, הייגט אז איהר וועט רייד מיט איהר וועט זיא מיינען אין אמת'ן אז זיא איז איינע איז ד וועלט אונ זיא וועט נאך גוט לאכין פון אייך וויא איר בעט זיך ב איהר, אלזא ווען איך בין אויף אייער ארט וואלט איך גינויבט

איהרע דאלער אמות .

ישראל בלייבט שטיל איינינע מינוטין , נאכהער זאגט ער צו ציפען הערט איהר זייט גירעכט , אוים ! איך וויל איהר ניט קאנען , נאהר אויב איך איז אנגינעהם וועל איך אייך בעטין אז איהר זאלט איהר איבער געבין אז איך וועל אהתן , זאל זיא ניט מיינען אז זיא האט מיר אפ גיזאגט , נאהר איהר זאלט איהר גיט דער ציילין אז מיר האבען דא גירעט .

ציפה ווערט בארוהיגט אזוי וויא זיא וואלט באציגין גיוואָרין מיט אנייע הויט , אנייע נשמה איז אין איהר אריין , . זיא זאגט קאלט איך וועל אייך שוין טאהן די טובה , אונ זיא איז ווערט אז מען אל איהר איבער געבין די נייס .

וועט איהר מיר טאן דיא טובה ?

ניוויס , זייט זיכער .

ציפה , פילייכט קאנט איהר מיט מיר זיין אלע נאכט אין מאר ?

אויב אייך איז אנגינעהם , בין איך צו פרידין .

גיוויס איז מיר זייער אנגינעהם .

אבער טאטער וועט תוה אן קומען ? וועט זיא זיין אין כעס אויף מיר וואס איך גייא מיט איהר ניט ?

לאכט פון איהר היטעלע ציפה , קושט זיא אבערין .

גוט , איך וועל קומען אודר אכט .

נא וועל איך ווארטין אויף אייך ;

זייט רוהיג , איך וועל שוין זיין , דער ווייל אדיע , איך מוז זיין אדיע , גייט גיזונטער הייט .

אווינט זעהן מיר וויא ישראל מיט ציפהן גייען אום אין סאד ארימט אונ מיא רעט פערשידינע זאכען , נאכהער זאגט ישראל , אך יא שיין עס וואלט גיוועזן , ווען די בעקערקעס טאכטער וואלט אויף מען , זיא וואלט גיוויס תרטה גיהאט אויף איהר נארישען גידאנק .

אבער זיא וואלט נימיינט אז איך בין אייער ב . . .

נא , וואס האט איהר מורא ? לאז זיא מיינען , עס וואלט נאך נשער גיוועזן , עס וואלט איהר שוין גיקיצילט גוט אין סארצען ,

(תוה דיא בעקערקעס)

ציפּה אִיהר הָאט שוֹין אִיבֶּער גִיגֶעבִּין מַיינֶע וָוערְטֶער וָואס מִיר הָאבִּין אִיבֶּער גִירֶעט וָועגִין אִיהר ?

אִיךְ וָועל זַיין שְׁפֶּעטֶער — גָאבִּין שְׁפַּאצִיר , וַוייל אִיךְ הָאבּ קֵיין צַייט נִיט גִיהַאט צוּ גַיין ·

פַאר גֶעסְט נִיט ציפּעלע , דָאס אִיז בַּייא מִיר זֵייעֶר אַנְגִינֶעהם וָואס אִיהר וָועט אִיבֶּער גֶעבִּין דִי גוּטֶע נַאכְרִיכְט ·

גִיוִוים זַייט אִיהר גִירֶעכְט ישראל , אַזוֹיא מֵיינְט זִיא אַז זִיא אִיז דִי קְלוּגֶע , זִיא הָאט אַייךְ אָפּ גִיזָאגְט , אָבֶּער אַז זִיא וָועט הֶערִין דִי גוּטֶע בְּשׂוֹרָה · וָועט זִיא מֵיינֶען אַז אִיהר הָאט אִיר אָפּ גִיזָאגְט ·

מִיר זֶעהֶן וִויא חיה גֵייט אַרוּם זֵייעֶר אוּמְרוּהִיג , וָואס אִיז דִיא מַעֲשֶׂה וָואס איזראעל אִיז גִיטָא ? גִיוִוים אִיז נִיט אוּמְזִיסְט , אַלֶע אָווינְט קוּמְט עֶר צוּ לֶעבֶּען שְׁטוּבּ , יֶעצְט זֶעט עֶר זִיךְ נִיט , זִיא גֵייט צוּ זַיין גִישֶׁעפְט זֶעהֶן פִּילֵייכְט אִיז עֶר פַּארְנוּמֶען , אָבֶּער וִויא גְרוֹיס אִיז גִיוָוארִין אִיהר שְׁרֶעק אַז זִיא זֶעט עֶר אִיז גִיטָא ·

זִיא גֵייט אַהֵיים זֵייעֶר אוּמְרוּהִיג , זִיא הֶלֶערְט גִיוִוים הָאבִּין אִים זַיינֶע עֶלְטֶערֶען אִיבֶּער גֶערֶעט , נָאהר דָאס גְלוֹיבּ אִיךְ גִיט , עֶר וָועט נִיט טָאן אַזָא זַאךְ , זַיינֶע וָוער'טֶער זַיינֶען הַיילִיג , בִּפְרַט אַז עֶר הָאט זִיךְ מִיט זַיין פָאטֶער גֶעקְרִיגְט ·

אוֹיף מָארְגֶען זֶעהֶן מִיר וִויא ציפּה קוּמְט צוּ חוה'ן אוּנ זָיא גִיט אִיהר אִיבֶּער דִי וָוערְטֶער :

נוּ חוה , וָוער אִיז גֶערֶעכְט ? דוּא בִּיזְט שֵׁיין , אָבֶּער אִיךְ בִּין קְלוּג ·

וָואס מֵיינְסְטוּ דֶער מִיט ציפּה ?

וָועגְנֶען זַיינֶער מַאבֶער ·

אִיךְ פַאר שְׁטֵייא נִיט דַיינֶע וָוערְטֶער זָאג מִיר וָואס דוּ מֵיינְסְט ?

עֶס אִיז פּוּסְטֶע זַאכֶען ·

רֵייד וַוייטֶער ·

עֶר אִיז אַ בֶּעטְרִיגֶער !

מִיט וָואס ? ציפּעלע ·

עֶר וָוערְט אַחָתָן ·

(חוה דיא בעקערקעס)

עס

עס קאן ניט זיין ?

עס קאן שוין יא זיין, אונ זיא נעמט ארויס אבריוועלע פון קעשענע אונ ניט איהר איבער.

זיא ניט אחאפ דעם בריוויל, אונ לייענט איבער.

חוה!

איך ווער אתתן נאך שבת, איהר האט מיט מיר ניט מעהר וואס צו ריידען, אונ זיין שפאציערן געוויס ניט. И. Т.

חוה ווערט בלאס, אונ זאגט צו ציפה'ן, נו וואס זאגסטו אויף דעם? אסור אויב מען מאג זייא גלויבען פון דאנען אהין, ישראל זאל דאס מיר מאהן? די מוטער איז גירעכט, איך וואלט גיוויס ניט גלויבען ווען ניט דער בריוויל, עס איז מעהר ניט אבושה פאר לייטען, אין שטעטיל קאכט אז ישראל איז שוין מיין חתן..

# 8.

## דיא קנעטערקע.

גנענדיל, וואסערע ברויט וועט איהר איין מאכען, ראזעניע אדער האלב זיידענע?

פריער דבשה זאלט איהר מאכען די ראזעניע.

וואו איז די מולטער?

וואס זייט איהר דבשה אנאסט אין שטוב? עפיס וויא מען בארף איך אין האנט דער לאנגען, איהר ווייסט אזוי זיא מיר, איהר דארפט גאר ניט הורין די קאפ מיט די זאכען, עס איז די קאפ גינוג אן גירויזשט פון די מארק ווייבער, אז זייא גייען ארויס פון שטוב ווערט דער נאך די קאפ וויא נאך אחתונה.

חוה'לע גיב דעם מענשען וואס ער בארף.

זיא גייט צום טיש. אונ ניט אים גיבעק. אונ ער באצאלט איהר וויא פיל עס קומט.

אז ער איז ארויס גינאנגען, האט זיא דער זעהן אטייכטער, זיא

חוה דיא בעקערקעס) עפינט

צפינט אויף אזא האט גיפונען זעקס טויזענד רובל מיט צפאס, זיא לייגט איבער דעם פאס, אבער עס איז איהר אומבעקאנט, מען דארף זיין אביאוועץ אין פאליציא קלערט זיא, אונ איז גלייך אוועק גיגאנגען.

וואו גייסטו חועלע? פרעגט די מוטער;

איך וועל באלד קומען.

זיא קומט אין פאליצייא, האט זיא גראדע גיטראפען וויא דער מענש זאיאוועט פון זיין היזק, איך האב געפונען, האט זיא גענומט דער פריסטאוו, אונ האט אים איבער גיגעבען דיא געלט, איהר קומט א דריטע טייל זאגט דער פריסטאוו צום מענשען, אונ האט איהר גיגעבען צוויא טויזענד רובל אונ זיא האט געדאנקט דעם פריסטאוו אונ איז אוועק אהיים:

הערט נינענדיל, איהר האט גיהערט פון די גוטע נייס?

וואס איז פאר נייס?

מיט בעריל דעם גאלאנטעריייציג.

מיר ווייסען גאר נים, זאגט אונז דבשה.

מיר איז אחידוש גאנץ שטעטיל קאכט וויא אקעסעל.

זעט איר דאך, לייט ווייסען פון אלע נייס, אונ מיר ווייסען נאר נים, עס קאן זיך איבער קערען די שטעטיל מיט דיא רעבער צראפ, ווייסען מיר נים, וויל מיר גייען אין ערגעץ נים.

עס איז צו לאבען פון דעם, איך האב גימיינט אז איר ווייסט.

זאגט זעה שוין! מיט איהר אז מען דארף ריידען, סוז מען זיך פריער גוט אן עסען מיט באב.

בעריל׳ס קראם האלט מען פאר חתמעט.

פאר וואס?

ער איז שולדיג אסך געלט, האבען די בעלי חובות אן גיגעבין די פאפירען ווייל מען זאגט אויף אים, אז ער וויל אן זעצען, אונ זיין זוגת׳ס קראם מיט די זיינערלעך האט מען אויך פאר חתמעט, אבהתמנות אויף אים, ער איז נעביך גאר גיט שולדיג, מיט זיינע פינף פינגער האט ער אן גיקליבען דעם קאפיטאל, מען זאגט אז (חוה דיא בעקערקעס)

בייא

בייא אִים אִין קְרָאם גֶעפִינְט זִיךְ בִּיז טױזֶענְט רוּבִּיל אוּנ זייא זיינען גֶעבִּיךְ ווִיא צוּ פִישְׁטֶע .

חוה וָואס אִיז גִיזֶעסֶען פַאר קְלֶערְט אוּנ הָאט זִיךְ קֵיין גֶעוָוארְט נִיט גֶעטוֹגְט זִיא אִיז גֶעוֶועזֶען אִיבֶּערְאַהשְׁט פוּן דֶעם גִיפִינְ'ס , זִיא הָאט גָאר נִיט אֵיין גֶעהֶערְט זֵייעֶר רַאזְגָאוָואר , נָאר דִי לֶעצְטֶע ווֶערְטֶער הָאט זִיא דֶער הֶערְט , אִיז זִיא צוּ גִיגַאנְגֶען צוּ דִיא קְנֶעטֶערְקֶע אוּנ פְרֶעגְט .

וָואס זָאגְט אִיהר דבשה ?

אֶט , מִיר ריידֶען דָא וֶועגֶען בֶּעריל'ס אוּמְגְלִיק .

פוּן וַואנֶען ווייסְט אִיהר דָאס ?

אַשֵׁיינֶע מַעֲשֶׂה , גַאנְץ שְׁטֶעטֶעל ווייסֶען .

אֶפְשֶׁר אִיז נִיט אַזוֹי רִיכְטִיג ווִיא מֶען זָאגְט ?

נייא , נייא , חוהעלע , מיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען גִיזֶעהֶן ווִיא עֶס אִיז אָן גֶעקוּמֶען דֶער פְּרִיסְטַאוו מִיט נָאךְ גַאצִייל נִיקֶעס , אוּנ מֶען הָאט זייא פוּן קְרָאם אַרוֹיס גֶעטְרִיבֶּען , אוּנ מֶען הָאט פַאר חַתְמֶעט , נָאכְהֶער זיינֶען זייא גֶעגַאנְגֶען צוּ ישראליק'ס קְרָאם , אוּנ הָאבֶּען דָארְטֶען אוֹיךְ פַאר חַתְמֶעט .

ווִיא פִיל קוּמְט דָאס פוּן אִים גֶעלְט ?

מֶען זָאגְט אֵיין אוֹצָר רַב , אֶפְשֶׁר דְרייא טױזֶענְט רוּבִּיל .

זִיא גייט אַריין אִין קַאמֶער אוּנ טוּט זִיךְ אָן גְרוֹיס אַרְטִיג , אוּנ זִיא לָאזְט זִיךְ גיין דוּרְכֶען טִיר .

וואוּ גייסְטוּ חוהעלע ? זָאג מִיר — עֶפֶּעס דוּא בִּיזְט מִיר אוֹיס גֶעפוּצְט .

אִיךְ וֶועל בַּאלְד קוּמֶען , אוּנ אִיז אַוֶועק גִיגַאנְגֶען .

## 9.

### אוֹיס גֶעפִירְט .

מִיר זֶעהֶן בייא בעריל מיין זִיצֶען זייא אַלֶע פַאר קְלֶערְט , אוּנ ישראל זָאגְט צוּ דִי עֶלְטֶערְן בייא מִיר קָאן זִיךְ גִיפִינֶען סְחוֹרָה בִּיז

(חוה דיא בעקערקעס

אַלְט הונדערט רובּיל, אָבֶּער וואו פאר קויפט מען דאס ?

צו נארעלע זאגט בעריל, איך מוז האָבען צוויי טויזענד רובּיל,
אויב ניט ברינגען מיר אומגליקליך.

ווער האט דאס אונז גיקאנט צו דינגען ? זאגט דרעזיל, אז
זייא ווֶעלען נאר ניט הערען וואס איך האב זייא צו געזאגט אין
אהודש ארום צו באצאלען, ווייל מיט אמאל וואו נעמט מען אזא
סומע, אונ וואו צו לייען איז אויך ניטא.

גיווים האבען אונז גוטע מענשין צו גידינט, זאגט בעריל :
מיט אמאל עפינט זיך די טיר, אונ חוה איז אריין.

גוט גאוויגט אייך.

גוט יאהר :

בעריל האט איהר ניט גיקאנט, נאר דרעזיל האט איר גיקאנט
פון דער ווייטענס, אונ ישראל איז גיבליבען בלייאס, עס האט אים
אין הארצען אן גיהויבען צו קלאפען אזוי וויא מיט אהאמער, ער
זעהט וויא זיא איז זייער שיין אן געטאן, אונ זיא האט אים דער
מאנט זיין ליבשאפט וויא פריער איז געוועזען, ער וואלט איר גיפאלין
אויפען האלז ווען קיינער וואלט ניט געוועזען, אך וויא שיין זיא איז,
זיא איז גיווארען פיל שענער וויא פריער.

וואס גוטס וועט איהר זאגען פריילין ?

איך בין געקומען צו אייך אז איהר זאלט מיר מאחן אטובה.

ווער זייט איהר פריילין ? פרעגט בעריל.

איך בין פסח'ס טאכטער.

וואס ווילט איהר פאר אטובה זאל איך אייך טאהן ?

איך וויל ביא אייך איין לייען צווייא טויזענד רובּיל.

זייא קוקען איהר אן אין די אויגען.

וואס וואונדערט אייך אזוי גוטע מענשין ? איך וויים וויא איהר
זייט נייטיג אין געלט, ווייל איך אייך לייען די סומע איהר זאלט
קערען באפרייט פון אייערע שולדין, אונ זיא נעמט ארויס די סומע
געלד אונ לייגט ארויף אויפען טיש.

אי גאט ! שרייט אויס בעריל.

חוה דיא בעקעריען

מיין גוטע—ל בע—קינד שרייט הרעשל , און פאלט איהר אויפ'ן האלז און קושט איהר , און טרערען רינען פון איהרע אויגען .

פאטער — מוטער — דאס איז זיא ... האט אויס געשריען ישראל .

טרייע—גוטע קינד , שרייט בעריל , איך ... וועל ... דיר ...

זייא ניט אזוי צו מישט , זאגט חוה .

גיין ה-וע—לע — דו ... ביזט ... מיין ... שנור ...

אז זייא האבען זיך שוין בארוהיגט , זאגט בעריל , חוה לע דו וועסט זיין מיין שנור ...

אייער זאהן האט דאך שוין אפ ...

ווער האט דיר דאס געזאגט ?

זיא נעמט ארויס דעם בריוויל , און גיט ישראלין .

ער לייענט איבער , און ווערט צו שראקען , און נאכהער זאגט ער , חוה'לה , ציפה האט מיר איבער גיגעבען אז דו ווילסט ניט , און דו גערסט אבלה פאר מענדיל'ס זאהן ;

אויב אזוי ? האט דאס מיין גוטע פריינדין אונז צו גערינגט , זייא האבען זיך ארויס גיגעבען וואס ציפה האט זייא געזאגט און זייא האבען ארויס גיזעהן אז ציפה האט זייא ביידען גינארט .

מען האט גישיקט רופין חוהים עלטערען , און זייא האבען זייא דער ציילט אלעס וואס די עלטערען האבען גאר ניט געוואוסט .

אין איינינע טעג ארום איז געוועען תנאים ביי חוה'ן מיט ישראלין און זייא האבען גיבעטען ציפה'ן אויף תנאים , נאר זיא איז ניט געקומען , זיא האט זיך גישעמט צו ווייזען די אויגען .

און אין פערלויף פון זעקס חדשים האט חוה אויס געביטען איהר פאמיליע , און זיא איז געווארען מאדאם מייץ , און זייא לעבין גליקליך , און אין גישעפט ביי בערלען האבען זייא אויך א טהייל נאר דיא צווייא טויזענט רובל .

---

ענדע

(חוה דיא בעקערקעס)